נ׳ רובאקין.

# די נסיונות פון א יידישן דאקטאר

איבערזעצט פון ש. באסטאמסקי.



ווילנע.

דרוקעריי „ווילנער פארלאג״ קליין סטעפן גאס 23.

צ׳ רובאקין.

# די נסיונות פון א יידישן דאקטאר

איבערזעצט פון ש. באסטאמסקי.



ווילנא.

דרוקעריי „ווילנער פארלאג״ קליין סטעפן גאס 23.

מיט פירהונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אין דער שטאָט רוים אַן איידעלער דאָקטאָר מיטן נאָמען יצחק דושעמס. דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַן אייגן הויז און האָט דאָרטן געוואוינט מיט זיין פרוי לאה און מיט צוויי זין, דער יינגערער זון איז אַלט געווען צעהן יאָר, דעם עלטערן איז געגאַנגען דאָס צוועלפטע.

פופצן יאָר האָט יצחק פאַרבראַכט מיט זיין פרוי רואיג און גליקליך. לאה איז געווען פאַרטאָן אין דער בעל-הבתישקייט און האָט דערצויגן די קינדער. יצחק האָט געטאָן זיין זאַך — האָט געהיילט די קראַנקע.

יצחק איז געווען איינער פון די בעסטע דאָקטוירים אין רוים, און דעריבער פלעגן צו אים קומען זעהר אַסך קראַנקע, יידן און קריסטן. יצחק פלעגט קיינעם נים אָפּ-זאָגן אין הילף. ער האָט אַלעמען געהיילט, נים געשפּאָרט קיין צייט און קיין מי. די רייכע פלעגן אים באַצאָלן פאַר זיין טרחה; אָרימע לייט פלעגן נאָך פון אים באַקומען מתנות.

בשעת קיין חלאים זיינען נים געווען, פלעגט יצחק, זיצן אין קאַבינעט, און צוגרייטן רפואות, לייענען ביכער אויף פאַרשיידענע שפּראַכן און אַלץ זעהן וואָס מער צו דערגיין אין מעדיצין. יצחק איז געווען זעהר אַ געלערנטער מענטש, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס, וואָס ער קען, איז נאָך אַלץ ווייניג. ער האָט פון אַלץ געוואָלט וויסן—ווי אַזוי און פאַרוואָס עס באַוועגן זיך איבערן הימל

די זון, די לבנה און די שטערן; ווי אזוי און פאַרוואָס עס וואַקסן די ביימער און די גראָזן; וועלכע גראָזן זיינען ניצ־לאַך פאַרן מענטשן און וועלכע—שעדלאַך; ווי איז געבויט דעם מענטשנס קערפּער, פון וואָס קומען פאַרשיידענע קראַנקייטן, ווי אזוי דאַרף מען די דאָזיקע קראַנקייטן היילן.

שוין לאַנג פלעגט יצחק אָפּזיצן איבער די ביכער און אַלץ טראַכטן וועגן די אַלע פראַגן.

איינמאָל אין אָוונט איז יצחק געזעסן בא זיך אין קאַבינעט און האָט געלייענט אַ בוך. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט פון גאַס עפּעס אַ געשריי און אַ טומל. יצחק האָט געעפנט אַ פענסטער און האָט דערזעהן, ווי צו זיין הויז לאָזט זיך אַ גרויסער המון מענטשן. פאָראויס טראָגט מען אויף אַ בעטל עפּעס אַן אַלטן מאַן. דער אַלטער איז אינ־גאַנצן פאַרגאָסן מיט בלוט. די זאַכן זיינע זיינען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן... ער ליגט אויפן בעטל מיט פאַרמאַכטע אויגן און קוים וואָס ער קרעכצעט.

יצחק האָט גלייך דערקענט דעם אַלטן. דאָס איז געווען אַן אָרימער ייד ר׳ אהרן, וואָס פלעגט אָפּטמאָל אַריינקומען צו אים.

יצחק איז אַרויס אויפן גאַס און האָט געפרעגט, וואָס ס׳האָט פּאַסירט.

— אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק! — האָט מען אים געענטפערט—דער אַלטער ר׳ אהרן שטאַרבט אַוועק... ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ לייטער און האָט זיך זעער צומזיקט. מיר האָבן אים געפונען אין אַ לוזשע בלוט.

יצחק האָט געהייסן אַריינטראָגן דעם אַלטן צו זיך אין שטוב. עטלאַכע מענטשן האָבן פאָרזיכטיק אַרויפגע־

טראָגן ר׳ אַהרנען צום דאָקטאָר און האָבן אים אַוועקגע-
לייגט אויף אַ קאַנאַפּע.

דער דאָקטאָר האָט זיך געשטעלט לעבן חולה אויף
די קני און האָט אים גענומען אויסהאָרכן און אַרומקוקן,
צי ס׳איז בא אים חלילה קיין ביין ניט צובראָכן. קיין בראָך
האָט ער ניט געפונען, נאָר דער חולה איז געווען אינ-
גאַנצן בלאָ. ער האָט פאַרלאָרן זייער פיל בלוט און מ׳האָט
זיך געדאַרפט ריכטן, אַז אָט-אָט שטאַרבט ער אַוועק.

— ס׳אַר אַן אומגליק, ס׳אַר אַן אומגליק! האָבן די
אַרומיקע געבראָכן מיט די הענט — ער שטאַרבט, נעבאַך,
אַוועק ר׳ אַהרן!...

אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט, דעם אַלטן ר׳
אַהרונען, ווייל ער איז געווען זייער אַ גוטער און זייער אַן
ערלאַכער מאַן. קיינער האָט אים אָבער איצט ניט געקאָנט
העלפן.

באַלד האָבן די ווייטיקע מענטשן פאַרלאָזן דעם דאָק-
טאָרס הויז, און דער דאָקטאָר מיטן חולה זיינען פאַרבליבן
אַליין.

ר׳ אַהרן איז געלעגן אַ געחלשטער, אַ בלאַסער און
אַ קאַלטער, פּונקט ווי אַ מת.

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען איבער אים און האָט
געטראַכט:

— אָט שטאַ־בט ער אַוועק, ר׳ אַהרן! אָט שטאַרבט
אַוועק אַזאַ וואוילער מענטש! ניטאָ קיין מיטל אים צו ראַ-
טעווען! קיינער וועט אים שוין לעבעדיק ניט מאַכן! קיינער
קען שוין קיין פרישן בלוט אין זיינע אָדערן ניט אַריינגיסן!...

יצחק האָט איבערגעבונדן דעם חולה די וואונדן.

דער אַלטער איז געלעגן אָן אָטעם, די אויגן פאַרמאַכט, די הענט אַראָפּגעלאָזן...

יצחק האָט געקוקט אויף אים און האָט צו זיך אַליין געטראַכט:

— ניין, מ'טאָר אים אַזוי ניט לאָזן! מ'מוז פאַר אים געפינען אַ רפואה! ער האָט פאַרלאָרן אַזויפיל בלוט... אויב ער וועט זיך אַפילו יע אָפּטשוכען, איז אויך זיין לעבן קיין לעבן ניט, אָן בלוט וועט ער לאַנג ניט ציען... איך מוז פּרובן איבערגיסן אין זיינע אָדערן בלוט פון אַ צווייטן מענטשן!... אמת, קיינער האָט דאָס נאָך פאַר מיר ניט געטאָן, נאָר איך מוז דאָס טאָן! אפשר?... אפשר וועט זיך דאָס מיר איינגעבן? און אַז דאָס וועט זיך מיר איינגעבן, וועל איך דאָך קענען אויסהיילן פון בלוט - אָרימקייט אַזויפיל מענטשן!...

אַ גאַנצע נאַכט איז דער דאָקטאָר ניט אָפּגעטראָטן פון אהרנ'ען. פאַרטאָג האָט ער זיך צוגעלייגט נאָר אויף אַ פּאָר שעה און דערנאָך ווידער גענומען זיך צו דער אַר־בעט: ער האָט זיך געלערנט, ווי אַזוי איבערצוגיסן דאָס בלוט פון איין בעל־חיים אין דעם אַנדערן. יצחק האָט געוואוסט, אַז די אָדערן, אין וועלכע דאָס בלוט פליסט, זיינען געבויט בּאַ די מענטשן און בּאַ די חיות אויף איין שטייגער. ער האָט גענומען צוויי קיניגלאַך*), האָט אוים־געצאַפּט פון איינעם אַ סך בלוט און אַריינגעגאָסן עס אין דעם בלוט פון צווייטן קיניגל. עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער געמאַכט אַזעלכע פּראָבעס. אהרן איז דערווייל געלעגן אַ פאַרחלשטער. דער דאָקטאָר האָט געאַרבעט מיט אַלע

*) קראָליקעס.

בחות און האָט געהאַט אין זינען נאָר איין זאַך—ווי אַזוי צו ראַטעווען אים פון טויט. די ערשטע פּראָבעס האָבן זיך ניט איינגעגעבן: אין עטלאַכע מינוט אַרום נאָך דער אָפּעראַציע פלעגט דעם קיניגל, נעבאַך, וואַרפן אין אַ קאָנ־וואולסיע און ער פלעגט אַוועקפּגרן. ביסלאַכווייז אָבער האָט זיך יצחק אויסגעלערנט די זאַך, און סוף־כל־סוף האָבן זיך זיינע פּראָבעס זעער גוט איינגעגעבן. ער האָט אַזוי קונציק איבערגעגאָסן דאָס בלוט פון איין קיניגל אין דעם אַנדערן, אַז ביידע זיינען געבליבן לעבן.

— דאַנקען גאָט!—האָט יצחק דאַן געזאָגט—אַ האַלבע אַרבעט איז שוין אָפּגעטאָן!

כדי צו זיין זיכער אין זיך אַליין, האָט ער נאָך אַ מאָל צוואַנציק איבערגעחזרט די פּראָבעס. אַלע פּראָבעס האָבן זיך איינגעגעבן. דאַן האָט ער אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין פּנים און געזאָגט:

— ס'איז דאָ אַ מיטל אויסצוהיילן בלוט־אָרימע מענטשן. מ'קען איבערגיסן בלוט פון איינעם אין דעם אַנ־דערן; איך האָב דאָס אַליין געזעהן, אַליין מיט מיינע איי־גענע הענט געמאַכט, איך בין דערגאַנגען דעם אמת, און קיינער וועט מיר שוין ניט קענען איבעררעדן, אַז ס'איז ניט אַזוי. יצחק האָט זיך זעער געפרייט מיט זיין ערפינדונג. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און האָט איר אויך אָנגעזאָגט די פריילאַכע בשורה:

— פריי זיך, לאה,—האָט ער געזאָגט צו איר מיט אַ שיינענדיק פּנים—איך האָב געפונען אַ נייעם מיטל ווי צו היילן קראַנקע. איך וועל אינגיכן אהרנען שטעלן אויף די פיס!

און ער האָט איר אויסדערציילט אַלץ וועגן זיין אַרבעט. לאה האָט זיך געפריים צוזאַמען מיט אים.

— מאָרגן,—האָט יצחק ווייט.ר געזאָגט,—וועל איך אריינגיסן אין אהרנס אָדערן פרישן בלוט, און אויב מיין האַנט וועט ניט אַ ציטער טאָן, בין איך זיכער, אַז אהרן וועט זיין פריש און געזונט!

— זאָג מיר, מיין טייערער, האָט לאה געפרעגט— ציי ביסטו טאַקע זיכער, אַז דיין האַנט וועט ניט אַ ציטער טאָן?

— שרעק זיך ניט, לאה, — האָט איר יצחק באַרואיקט—ניט צום ערשטן מאָל קומט מיר אויס צו האַלטן דעם מעסער אין האַנט! ער האָט איר אַ קוש געטאָן און איז אריין צו זיך אין צימער.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר. — עפנט! עפנט גיכער! האָבן זיך געהערט קולות פון גאַס. לאה איז צוגעלאָפן צום טיר, האָט זי געעפנט און איז אָפּגעטראָטן פאַרוואונדערט צוריק. פאַר איר איז געשטאַנען עפעס אַ מענטש אין רייכע סאַמעטענע קליידער און הינטער אים—נאָך עטלאַכע אין באַגולדעטע פאַנצערס און אין שטאָלענע העלמען, מיט שווערדן בא די זייטן און מיט שפיזן אין די הענט.

— דאָ וואוינט דער דאָקטאָר יצחק דושעמס?—האָט געפרעגט דער מענטש אין די שוואַרצע קליידער. לאה האָט זיך אַזוי דערשראָקן פאַר די אומבאַקאַנטע געסט, אַז זי האָט אַ וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. די יידן האָבן דאַן געוואוינט אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, אין געטאָס, און אין די דאָזיקע געטאָס פלעגט מען זעלטן ווען זעהן באַוואָפנטע מענטשן.

— זיין הייליקייט, דער פויפסט אינאָקענטיוס דער VIII,

האָט אונז געשיקט אַהערצו, מיטן באַפעל צו ברענגען אין זיין פּאַלאַץ דעם דאָקטאָר יצחק דושעמס,—האָט געזאָגט דער אומבאַקאַנטער.

אַז לאה האָט דערהערט די ווערטער, האָט זי זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט. קיין גוטס האָבן איר דעם פּויפּסטס שלוחים ניט אָנגעזאָגט.

זי איז אַריין צום מאַן, האָט אים דערציילט, אַז מ'איז געקומען צו אים פון פּויפּסט, און האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

— וואָס וויינסטו, לאה?—האָט איר יצחק געטרייסט — צי דען איז דאָס אַן ערשטער מאָל, אַז מ'רופט מיך צו היכ־געשטעלטע חלאים?

ער האָט איר אַ קוש געטאָן און איז אַרויסגעגאַנגען צו די שלוחים.

— קומט,—האָט ער געזאָגט— איך בין גרייט!

מ'האָט געבראַכט יצחקן אין פּאַלאַץ. ער גייט אַרויף אויף די מירמלשטיינערנע טרעפּ, קומט אַריין פון איין זאַל אין דעם אַנדערן. די זאַלן זיינען פול מיט די רייכסטע מאַגנאַטן, מיט די פּני פון שטאָט. אויף אים האָט קיינער אַפילו אַ קוק ניט געטאָן. אָט האָט מען אים אַריינגעפירט אין דעם פּויפּסטס צימער. ער איז אַריין און האָט זיך אַרומגעקוקט—אַ גרויסער צימער. ווילן פון מירמלשטיין שפּאַרן אונטער דעם הויכן סופיט. בא דער וואַנט, צווישן די ווילן, שטייט אַ גרויסע גאָלדענע בעט. אויפן בעט ליגט אַ מענטש, אַ בלאַסער, אַן אָפּגעצערטער און גיט זיך ניט קיין ריר. די הענט אַראָפּגעלאָזן, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים. באַם בעט שטייען מענטשן אָנגעטאָן אין שוואַרצן און ריידן שטיל צווישן זיך.

מ'האָט צוגעפירט יצחקן צום בעט און אים אַזוי געזאָגט: - יצחק דושעסס, וויין היליקייט דער פויפסט איז געפערלאַך קראַנק. צי קענען דיינע קענטעניש און דיין חכמה אים באַהילפיק זיין?

יצחק איז צוגעגאַנגען נעהענטער און האָט אָנגעהויבן אויסצוהאָרכן דעם חולה, ער האָט פונאַנדערגעפרעגט די דאָקטוירים, וואָס האָבן אים פון פריער אָן קורירט, און ווי האָבן אים דערציילט, אַז דעם פויפסטס קראַנקייט איז אַ געפערלאַכע און קיין סגולה איז ניטאָ צו איר; אפילו די רפואות, וועלכע מ'האָט ספּעציעל געבראַכט פון מצרים, האָבן ניט געהאָלפן. דער פויפסט ליגט אַלץ אָן באַוווּסט־זיין און מ'קען זיך יעדן מאָמענט ריכטן אויף זיין פטירה. יצחק האָט גלייך דערקענט דעם פויפסטס קראַנקייט; דער פויפסט איז געווען זעער בלוט־אָרים. כדי אים אויסצוהיילן מוז מען אין די אָדערן זיינע אַריינגיסן פרישן בלוט.

— נו, וואָס זאָגסטו, יצחק דושעסס?—האָבן געפרעגט די דאָקטוירים—האָסט אַ מיטל אויסצוהיילן דעם פויפסט?

יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי און האָט זיך געטראַכט: „אפשר טאָר איך גאָר דעם פויפסט ניט היילן? ער האָט דאָך אַזויפיל שלעכטס געטאָן די יידן, אומגעבראַכט אַזויפיל אומשולדיקע... ער איז דאָך אַ רשע מרושע... איך וועל זאָגן, אַז איך האָב קיין מיטל ניט, און ער וועט אָוועקשטאַרבן..."

יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויפן קראַנקן; ער ליגט אַ בלאַסער און אַן אויסגעחושכטער און קוקט אויף אים מיט אַזויפיל רחמנות, מיט אַזאַ צער... ער איז איצט אַזוי אומגליקלאַך. אַ געפיל פון טיפן רחמנות נעמט טיפער דורך יצחקן. ער שווייגט און טראַכט אַלץ:—איצטער איז

ער אומגליקלאך און הילפלאָז און וואַרט פון מיר די ישועה, מעג איך זיך דען אָפּזאָגן אים צו ראַטעווען? ער איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש. ויינע עבירות פאַלן אויף זיין געוויסן, און איך וועל אויף זיך קיין עבירה ניט נעמען. וואָס דאַרף איך באַהאַלטן מיין אויסגעפונענעם מיטל? איך האָב דאָך געאַרבעט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע מענטשן. איך מוז אים אויך קומען צו הילף!...

און יצחק האָט זיך אָפּגערופן צו די דאָקטוירים:
„יאָ, איך האָב אַ מיטל, ווי אַזוי אויסצוהיילן זיין הייליקייט!" די דאָקטוירים האָבן זיך וועער פאַרוואונדערט, דערהערנדיק יצחקס תשובה. זיי זיינען אַלע געווען געלערנטע און לויט זייער מיינונג איז שוין פאַרן פויפסט קיין רפואה ניט געווען.

— וואָס פאַר אַ מיטל האָסטו? האָבן זיי געפרעגט.

— מ׳דאַרף אַריינגיסן דעם פויפסט אין די אָדערן פרישן בלוט! האָט יצחק רואיק געענטפערט.

די דאָקטוירים זיינען נאָך מער איבערראַשט געוואָרן. זיי האָבן אין ערגעץ קיין מאָל ניט געהערט און ניט געלייענט פון אַזאַ מיטל. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַריינגיסן בלוט אין די אָדערן פון אַ לעבעדיקן מענטשן איז אַ אוממיגלאַכע זאַך, און ביי זיי האָט זיך דערוועקט אַ חשד אויף יצחקן, אַז דער יידישער דאָקטאָר האָט מן-הסתם פאַרבאָרגענע שלעכטע מחשבות.

— פון וואַנען ביסטו דערגאַנגען וועגן אַזאַ מין מיטל? — האָבן זיי געפרעגט — מיר האָבן קיין מאָל ניט געהערט דערפון.

— איך האָב אויך קיינמאָל ניט געהערט דערפון, ביז

איך בין עס אליין ניט דערגאַנגען און האָב עס ניט אויס-
געפּרובירט—האָט יצחק געענטפערט.

— אַזוי!—האָבן זיך אָפּגערופן דעם פוּיפּסטס מקורבים—
דאָס איז דיין אייגענע המצאה! צי ביסטו אָבער זיכער,
אַז דאָס וועט זיך דיר איינגעבן?

— איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט איבערגעגאָסן
בלוט און איך פאַרלאָז זיך אויף זיי.

— און דו נעמסט זיך אָן אַריינצוגיסן אין די אָדערן
פון זיין הייליקייט פרישן בלוט?

— יאָ, איך נעם זיך אָן!

יצחקס ווערטער האָבן אויף אַלעמען געמאַכט אַ-
שטאַרקן רושם. דערהויפּט האָבן זיי געווירקט אויף די
דאָקטוירים, וועלכע האָבן שוין פון לאַנג אָן געקוקט אויף
יצחקן ווי אויף אַ געפערלאַכן קאָנקורענט. זיי זיינען אָפּגע-
גאַנגען אָן אַ זייט און האָבן צווישן זיך אַזוי גערעדט: מ׳טאָר
ניט דערלאָזן יצחקן איבערגיסן דאָס בלוט! ווער ווייס?
אפשר וועט זיך אים דער מיטל טאַקע איינגעבן? אויב
ער וועט אויסהיילן דעם פוּיפּסט, וועט מען זיך שוין מיט
אונז קיינמאָל קיין עצה ניט האַלטן! דאָס לוינט אונז ניט!

און זיי האָבן שטילערהייט געזאָגט דעם פוּיפּסט,
ער זאָל זיך ניט צוהערן צו די רייד פון אַ יידן, גאָט
ווייס, וואָס פאַר אַ מענטש ער איז און וואָס ער טראַכט
זיך! דער פוּיפּסט האָט אָבער ניט געוואָלט שטאַרבן און
פון זיינע דאָקטוירים האָט ער שוין אויף קיין הילף ניט
געהאָפט.

— ניין! האָט ער געזאָגט — איך וועל טאָן ווי דאָק-
טאָר דושעטס וועט היסן! לאַנג האָבן נאָך די דאָקטוירים
און די מקורבים געפּרובט איינריידן דעם פוּיפּסט — אַלץ

איז אָבער געווען אומזיסט. דעם פּייפּסט האָט זיך נאָך געוואָלט לעבן. זיין לעצטע האָפענונג האָט ער געלייגט אויף יצחקן. ער האָט צוגערופן יצחקן צו זיך און האָט אים געפרעגט מיט אַ שוואַכן קול: אויב דו קענסט מיר העלפן, טאָ וואָס וואַרטסטו?

יצחק האָט אים געענטפערט, אַז ער איז גרייט גלייך צוצוטרעטן צו דער אַרבעט, זאָל מען נאָר געפינען אַ מענטשן, וואָס זאָל געבן זיין בלוט און זאָל מען שיקן צו אים אַהיים נאָך די אינסטרומענטן.

די דאָקטוירים און דעם פּויפּסטס מקורבים האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי מוזן נאָכגעבן, און האָבן אַזוי געזאָגט צו יצחקן: פאַרבלייב דאָ אַ ווײַלע און מיר וועלן שוין גע־פינען דעם נויטיקן מענטשן און וועלן שיקן צו דיר אַהיים נאָך די אינסטרומענטן. און זיי האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. זיי האָבן געלאָזן יצחקן בײַם קראַנקן, און צו אים אַהיים האָבן זיי אַוועקגעשיקט מענטשן מיט אַזאַ באַפעל: ברענגט אין פּאַלאַץ אַרײַן דעם דאָקטאָרס אינסטרומענטן און אויך זיינע קינדער; אויב ער האָט קיין קינדער ניט, דאַן זאָל קומען זיין פרוי.

— מיר וועלן יצחקן נייטן — האָבן די דאָקטוירים געטראַכט — איבערצוגיסן דאָס בלוט פון זיינע אייגענע קינדער. אויב ער האָט ניט קיין שלעכטע געדאַנקען, וועט ער זיך דאַן ניט אָפּזאָגן איבערצוגיסן בלוט אפילו פון זיינע אייגענע קינדער. אַגב וועט ער דאַן זיין פאַרזיכטיקער און וועט אַלץ טאָן, כּדי די קינדער זיינע זאָלן לעבן בלייבן. אויב ער וועט זיך אָבער אָפּזאָגן דאָס צו טאָן, איז אַ סימן, אַז ער האָט געהאַט בדיוק כּוונות. דאַן איז ער

חייב מיתה, און ניט נאָר ער, נאָר אַפילו זיינע קרובים און אַלע יידן...

די שלוחים זיינען צוריקגעקומען און האָבן געבראַכט די אינסטרומענטן און יצחקס קינדער...

די קינדער נעבאַך האָבן געציטערט און געוויינט, זיי האָבן זיך געהאַלטן איינער אָן דעם אַנדערן, זיי האָבן ניט געוואוסט, וואוהין און נאָך וואָס מען פירט זיי.

— איצט קענסטו זיך נעמען צו דער אַרבעט—האָבן די דאָקטוירים געזאָגט צו יצחקן, — דיינע אינסטרומענטן זיינען שוין דאָ און מיר האָבן שוין אויך געפונען מענטשן, וואָס בײַ זיי קענסטו נעמען דאָס בלוט.

— וואו זיינען זיי, די מענטשן? האָט יצחק געפרעגט.

— קום מיט אונז — האָבן זיי אים געזאָגט — און דו וועסט זיי זען.

און זיי האָבן אַריינגעפירט יצחקן אין צימער, וואו זיינע קינדער זיינען געווען — אָט פון די קינדער וועסטו נעמען בלוט פאַר זיין הייליקייט.

אַז יצחק האָט דערזען זיינע קינדער, איז ער געוואָרן בלאָס ווי אַ טויט. אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. די קינדער וויינען, שטרעקן צו אים די הענט אויס... יצחק איז צו זיי צוגעגאַנגען און האָט זיי אָנגעהויבן גלעטן און איינשטילן—וואָס וויינט איר, מיינע טייערע? איך בין דאָך מיט אייך, איך וועל קיינעם ניט דערלאָזן אייך שלעכטס טאָן.

און דאָס האַרץ קלאַפּט אים אַזוי, און ס'איז אים אַזוי שווער, אַזוי שווער... און ער טראַכט זיך: קען איך זיך דען אָפּזאָגן איבערצוגיסן בלוט פון מיינע אייגענע קינדער?

ניין! איך טאָר זיך ניט אָפּזאָגן! איצט „וועל איך אַלעמען ווייזן, אַז אמת בלייבט אַלעמאָל אמת!... דאָס האַרץ האָט אים נאָך שטאַרקער פאַרקלעמט. ער האָט אַרומגענומען די קינדער, געשמייכלט צו זיי, געקושט און געהאַלוט זיי און דערביי ווידער געטי···ט: „וועט כאָטש די קראַפט פון מיין ווילן זיין גענוג, אַז איך זאָל קענען האַלטן וואָרט? וועט מיר די האַנט ניט אַ ציטער טאָן, ווען איך וועל זיך צורירן מיטן מעסער צו מיינע קינדער? גאָט, גאָט! גיב מיר כוח!...״ ער קושט און טרייסט די קינדער, און די ארומיקע קוקן אויף אים, זעהען אַ נקמה, ווינקען זיך איבער מיט אַ בייזן שמייכל.

— „ער וועט ניט אויסהאַלטן — טראַכטן זיי — באַלד זאָגט ער זיך אָפּ פון זיינע ווערטער“! יצחק האָט אָבער צונויפגעקלעמט די ציין און איז אַ צעטראָגענער און אַ בלאַסער צוגעגאַנגען מיט די קינדער צו די דאָקטוירים און געזאָגט: — „קומט, לאָמיר גיין צום חולה, איך בין גרייט...״ די הויפלייט האָבן זיך נאָך מער פאַרוואונדערט. מיט זיין באַנעמען זיך האָט יצחק זיי נאָך מערער צערייצט און בייז געמאַכט.

יצחק איז אַריין צום פויפסט אין צימער און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. „אַזוי ווי דער פויפסט איז זעער שוואַך, — האָט ער געטראַכט — דאַרף מען פאַר אים האָבן אַ סך בלוט. איך וועל נעמען פון יעדן זון אַ ביסל. דאַן וועט דאָס זיי אפשר ניט שאַדטן. איך וועל זאָגן די קינדער, אַז ס'איז ניט קיין סכנה, און זיי וועלן מיר פאָלגן“.

— און ער האָט אַזוי געטאָן.

שטאַרק, זעער שטאַרק האָט געקלאַפּט יצחקס האַרץ, ווען ער האָט זיך צוגערירט מיטן שאַרפן מעסער צו זיין

קינדם לייב. דאָס יינגעלע האָט ניט געוויינט און נאָר ברייט פונאַנדערגעעפנט די אויגן פאַר שרעק. ער האָט געציטערט און מיט מורא געקוקט אויפן פאָטער און אויפן פויפסט, וואָס איז געלעגן ווי אַ מת אויף די אַטלאַסענע קישעלאַך. יצחק איז געוואָרן נאָך בלאַסער און האָט אַלץ געטראַכט: „גאָט, גאָט, גיב מיר כוחות!...‟ ס'איז געווען אַ רגע, ווען יצחקן האָט זיך געדאַכט, אַז זיין האַנט האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטאָן אויפן זון. דאָס קינד האָט געשמייכלט דורך די.טרערן. דאַן איז אים אַראָפּ ווי אַ שטיין פון הארצן. — „דאַנקען גאָט! האָט ער געטראַכט: — עס גייט כשורה, דער עלטערער וועט בלייבן לעבן‟. ער האָט איבערגעבונדן דעם זון די וואונד, אים אַ קוש געטאָן און צוגערופן דעם אַנדערן.

די דאָקטוירים קוקן אויף אים און גאַפן. דער פויפסט האָט דערוויל אָפּגעלעבט. ער האָט דערפילט, ווי ניי בלוט האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען אין זיינע אָדערן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געזאָגט דעם קינד עטלאַכע גוטע ווערטער. דאָס יינגעלע האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן צו וויינען: — טאַטע, ס'טוט מיר וויי. אוי, אוי, אוי, ווי ס'טוט מיר וויי!...‟

— „שאַ, שאַ, מיין קינד, נאָך איין מינוט—און פאַרטיק! האָט אים יצחק בארואיקט. אָבער אַליין האָט ער אויך קוים איינגעהאַלטן די טרערן, די הענט האָבן געציטערט, די אויגן האָבן קיין זאַך ניט געזעהן. אַחוץ דער שרעקלאַכער וואונד אויפן זונס האַנט...

די אָפּעראַציע האָט זיך געענדיקט. יצחק האָט איבערגעבונדן די קינדער און דעם פויפסט די וואונדן און האָט געדאַנקט גאָט, וואָס אַלץ איז אַריבער בשלום.

— איך דאַנק דיך, יצחק, האָט דער פּויפּסט געזאָגט צו יצחקן נאָך דער אָפּעראַציע, דו האָסט מיר געראַטע־וועט דאָס לעבן, און דערפאַר וועסטו קריגן שכר, ווי דו ביסט ווערט. יצחק האָט זיך אַ נייג געטאָן און איז אַרויס מיט די קינדער אין אַ צווייטן צימער. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט, אָפּגעגעבן מזל־טוב, באַוואונדערט זיין קונסט, געדריקט אים די האַנט. די קינדער האָט מען געגלעט און געטוליעט און אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער. יצחק האָט זיך געפילט זייער גוט. ער האָט ניט נאָר געראַטע־וועט אַ מענטשן פון טויט, ער האָט אויך באַוויזן, וואָס ער האָט אויפגעטאָן לטובת־הכלל. און נאָך ווי באַוויזן: אויף די אייגענע קינדער! יאָ, שלעכטע מענטשן האָבן געטאָן אַן עוולה אים און זיינע קינדער... גאָט שטייט דאָך אָבער פאַרן אמת!... יצחק איז דורכגעגאַנגען דעם זאַל און איז צוגעגאַנגען צום צימער, וואו די קינדער האָבן אויף אים געוואַרט. יצחק האָט געעפנט די טיר און האָט דערזעהן אַ פולע שטוב מיט הויפלייט אַלע שפּאַרן זיי זיך און סודען זיך עפּעס. יצחק האָט זיך דורכגעשטופּט צום פענסטער און איז שיער ניט געבליבן אויף אַן אָרט. אויף אַ הילצער־נער באַנק איז געלעגן אָן באַוועגונג זיין עלטערער זון. דער קאָפּ אָן אַ זייט, דאָס פּנים—בלוי, די אויגן אַרויסגעשפּאַרט.. לעבן אים האָט זיך אין קאָנוואולסיעס געצאַפּלט דער יינגע־רער. ער האָט זיך געשטיקט און אַרויסגעלאָזן משונה־ווילדע קולות...

אז יצחק האָט דערזעהן זיינע קינדער, איז ער געבליבן ווי פאַרשטיינערט. קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן. די האָר האָבן זיך אים געשטעלט קאָפּויר. דאָס פּנים האָט זיך אים אויסגעצויגן, די אויגן זיינען ברייט געוואָרן, ער

האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ און האָט מיט זיין קול אָנגעהויבן שרייען: קינדער מיינע, קינדער מיינע!... ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיי און איז געפאַלן אויף די קני. וויינען האָט ער ניט געקענט, ער האָט נאָר געציטערט מיט אַלע גלידער און שווער געאָטעמט. ער האָט זיי געקושט און געמינטערט, נאָר אַלץ אומזיסט. זיי ליגען ווי טויטע און ווערן אַלץ קעלטער...

מיט אַמאָל האָט זיך יצחק אויפגעשטעלט, זיך געכאַפּט פאַר די האָר, אַרויסגעלאָזן אַ שרעקלאַכן קרעכץ און אָנגעהויבן צו שרייען: — „קינדער מיינע, קינדער מיינע!" די הויפלייט האָבן פאַר שרעק קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן. יצחק האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון צימער און האַלטנדיק זיך פאַרן קאָפּ האָט ער ווי אַ משוגענער אָנגעהויבן צו לויפן איבער די זאַלן פון פּאַלאַץ. ער זעהט גאָרנישט און הערט גאָרנישט, פאַלט אַרויף אויף מענטשן. אַלע ווידלען אים, אַנטלויפן פון אים. לסוף האָבן אים די דינער געכאַפּט און אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס. יצחק האָט זיך געלאָזט לויפן, וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

דער פּויפּסט איז דערווייליע געשלאָפן שטיל און רואיק. אזאַ שלאָף האָט ער שוין פון לאַנג ניט געהאַט. אַרום אים זיינען געזעסן די דאָקטוירים און האָבן זיך געוואונדערט אויף יצחקס רפואה. דעם פּויפּסטס מקורבים האָבן זיך געפרייט, וואָס דער חולה איז פון טויט לעבעדיק געוואָרן. אַז ס'האָט צו זיי דערגרייכט די ידיעה וועגן דעם טויט פון די קינדער, האָבן זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „מסתמא איז אַזוי באַשערט! דאָס לעבן פון זיין הייליקייט איז טייערער פאַר דעם לעבן פון די קינדער!" וועגן יצחקן האָבן זיי גאָרנישט ניט געזאָגט.

די טויטע קערפּערס פון זיינע קינדער האָט מען אָפּגעשיקט צו אים אַהיים.

לאה איז דערוויילע געזעסן אין שטוב און האָט ביי־טער געוויינט. געוויינט האָט זי נעבאַך, ווען מ׳האָט אַוועק־געפירט איר מאַן צום פּויפּסט, אָבער נאָך מער האָט זי געיאָמערט, ווען מ׳האָט צוגענומען ביי איר די קינדער. לאַנגע, שווערע שעהן איז זי געזעסן און האָט ניט געוואוסט, וואָס איבערצוטראַכטן. וואו איז דער מאַן אירער? וואו זיינען די קינדער? צי לעבן זיי?...

די נאַכט איז אַריבער. אַ טאָג — אַ יאָר איז אַוועק און קיינער איז ניט געקומען.

לאה איז געזעסן לעבן בעט און האָט זיך צוגעהערט, צי ס׳קלאַפּט ניט אַ טיר, צי ס׳הערט זיך ניט אַ קול. נאָר אָט האָט מען אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר און ס׳האָבן זיך דערטראָגן געשרייען פון גאַס. לאה איז אַראָפּגעלאָפן, האָט געעפנט די טיר, און האָט דערזעהן, די אומבאַקאַנטע מענטשן מיט טראָגבעטלאַך און אונטער אַ שוואַרצער דעקע ליגן די בלויע טויטע קערפּערס פון אירע קינדער.

לאה איז געוואָרן בלאַס ווי דער טויט און איז גע־פאַלן אין חלשות. מ׳האָט זי אויפגעהויבן און אַריינגעטראָגן אין שטוב. אַ לאַנגע צייט האָט לאה ניט געקענט קומען צו זיך. — וואו איז מיין מאַן? רופט אים אַהער! — האָט זי אָנגעהויבן צו שרייען, אַז מ׳האָט זי אָפּגעמינטערט.

— דער הער איז נאָך ניט געקומען! האָבן געענטפערט די מענטשן.

— רופט אַהער די קינדער מיינע!

די דינער זיינען געשטאַנען, האָבן איר גאָרנישט גע־ענטפערט און טרויעריק געקוקט צו דער ערד.

לאה האָט זיך דאַן אָן אַלץ דערמאָנט און האָט זיך ביטער, ביטער צעכליפּעט.

אַ וואָך צייט איז אַריבער. לאה האָט שוין לאַנג מקבר געווען אירע קינדער, אָפּגעזעסן שבעה און אין טרויער גע־וואַרט אויפן מאַן און ניט אויפגעהערט צו וויינען.

נאָך אַ וואָך צייט איז אַריבער און יצחק קומט אַלץ ניט. קיינער ווייס ניט, וואוהין ער איז אַוועק פון פּאַלאַץ. יצחק איז פאַרפאַלן געוואָרן און ביי אַלעמען איז געבליבן, אַז ער איז געשטאָרבן. אין זיין הויז איז געוואָרן פּוסט און וויסט. ס'הערט זיך שוין ניט קיין קינדערשער געלעכטער, ס'קומען שוין ניט קיין קראַנקע. איינע אַליין זיצט לאה אַ פאַראומערטע, בעט גאָט און וואַרט אויפן מאַן. דער אַלטער אַהרן פּרובט זי טרייסטן, נאָר לאה הערט ניט אויף צו גיסן ביטערע טרערן. און אַזוי איז אַריבער אַ יאָר, און צוויי און דריי און פיר — פון טרערן און פון ניט שלאָפן ביינאַכט ויינען ביי לאהן קראַנק געוואָרן די אויגן און די אומגליקליכע איז בלינד געוואָרן...

יצחק איז אָבער ניט געשטאָרבן. ווי זאָגט מען: אויף צרות לעבט מען.

אָט וואָס האָט מיט אים פּאַסירט פאַר די לעצטע צייט. בשעת מ'האָט אים אַרויסגעשליידערט פון פּויפּסטס פּאַלאַץ, איז ער אַנטלאָפן, וואוהין די אויגן האָבן אים גע־טראָגן. ער איז געלאָפן און געלאָפן, אַלץ ווייטער, ווייטער. לאַנג האָט ער אַרומגעוואָגלט איבער די גאַסן פון רוים, ביז ער איז געקומען צו די טויערן פון שטאָט און איז אַרויס אין פרייען פעלד. פאַר מידקייט האָט ער קוים גע־אָטעמט, דער שווייס איז אים געגאָסן טייכנווייז, און ער איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער. ביינאַכט איז ער זעער

אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז געפאַלן אויף דער ערד — לאַנג איז ער געלעגן אַ געהלשטער און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גרויסער טאָג. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן — בערג און ביימער. איבער אים וויגן זיך גרינע צווייגן. אין גראָז לעבן אים מורמלט אַ טייכל. אין די קוסטעס זינגט אַ פייגעלע. יצחק האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, זיך געוואָלט דערמאָנען, וואָס מיט אים קומט פאָר, נאָר ער האָט נישט געקענט. וואָס נעכטן איז געווען האָט ער אַלץ פאַרגעסן.

דערווײַלע איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פויער. ער האָט ניט באַמערקט, אַז אונטערן בוים ליגט אַ מענטש, און איז אַרויפגעגאַנגען אויף יצחקן. יצחק האָט אַ שפּרונג געטאָן און האָט זיך מיטן גאַנצן כּוח ג. לאָזן לויפן. דער פויער האָט געמיינט, אַז ס'איז אַ משוגענער, און האָט זיך אָנגעהויבן צו צלמען. יצחק איז טאַקע געלאָפן ווי אַ משוגענער. אַלע ווײַלע האָט ער זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, געריסן עפּעס פאַר זיך, געווײנט און געקרעכצט. לעבן אַ דאָרף זײַנען אויף אים אָנגעפאַלן הינט, האָבן אויף אים צעריסן די קליי-דער, צוביסן אים ביז בלוט. קינדער האָבן אים באַוואָרפן מיט שטיינער. קיינער פון די גרויסע האָט זיך פאַר אים ניט אָנגענומען, ווײַל אין יענער פינצטערער צייט האָט מען געהאַלטן, אַז אין די משוגעים זיצן שדים.

יצחק האַלט דערווײַלע אַלץ אין איין לויפן, ער פּרובט זיך גאָרנישט ווערן. פאַר צרות פילט ער גאָר קיין ווייטאָג נים. און אַזוי איז ער געלאָפן ביז וואַנען ער איז ווידער אָן כּוחות געפאַלן, לעבן עפּעס אַ הייזל. פון הייזל איז אַרויס-געגאַנגען אַ פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט. זי האָט דער-זעהן אויף דער ערד אַ געהלשטן, אַ צובלוטיגטן, מיט צע-

ריסענע קליידער, און האָט אויף אים רחמנות געקראָגן. זי האָט געבראַכט וואַסער, האָט אים אַרויפגעגאָסן אויפן קאָפּ. יצחק איז געקומען צו זיך. זי האָט אים געגעבן אַ טרונק.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפרעגט בײַ אים.

יצחק האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט אים גע־בראַכט ברויט. יצחק האָט שוין אַפילו לאַנג ניט געגעסן, פונדעסטוועגן האָט ער איצטער קיין שום טעם ניט גע־פילט. די פרוי האָט אים איבערגעבונדן די וואונדן און געזאָגט צו אים:

— „וואַרט דאָ אָפּ אַ ווײַלע, באַלד וועלן קומען מײַנע קינדער פון פעלד, וועלן זיי דיך אַוועקפירן אין שטאָט אַרײַן". ווי נאָר יצחק האָט דערהערט דאָס וואָרט „קינדער", האָט ער זיך גלײַך אַ שטעל געטאָן אויף די פיס. ער וויל זיך אָן עפּעס דערמאָנען — און קען ניט. עפּעס איז בײַ אים אין קאָפּ אַלץ פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ שוואַרצער כמאַ־רע. אויפן האַרצן ליגט אים אַ שווערער שטיין און דריקט און דריקט אַזוי... ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און איז אַנט־לאָפן געוואָרן. אַ סך טעג און נעכט איז ער אַזוי געלאָפן דורך דערפער און שטעט, אַלץ קיין צפון־זײַט.

ווי פריער איז אים אין קאָפּ אַלצדינג פאַרצויגן גע־וואָרן מיט אַ שוואַרצן וואָלקן. און דאָס האַרץ אַזוי ווי ווילדע חיות וואָלטן עס געריסן אויף שטיקער.

יצחק האָט געלעבט פון די נדבות, וואָס גוטע מענטשן פלעגן אים געבן. גיט מען אים עסן — עסט ער, גיט מען אים ניט — בעט ער ניט. רופט מען אים אַרײַן אין אַ שטוב נעכטיקן — גייט ער; רופט מען אים ניט — נעכ־טיקט ער אונטערן פרײַען הימל, אונטער אַ בוים ערגעץ אויפן גראָז. גאַנצע פינף חדשים האָט ער אַזוי אַרומגע־

וואַנדערט. דערווײַלע איז געוואָרן ווינטער, ס׳איז אַרויס אַ שניי. אַזוי האָט ער זיך דערשלעפּט אָוש צו די אַלפּן־בערג. ס׳איז געוואָרן אַלץ קעלטער, דער וועג איז געגאַנגען באַרג אַרויף. גיין איז געוואָרן אַלץ שווערער. איינמאָל באַנאַכט איז ער געקומען צו אַ דאָרף. די הענט זײַנען אים פאַרפרוירן געוואָרן, און ער האָט געציטערט פאַר קעלט. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. בײַם וועג לעבן אַ גרויסן שטיין איז געשטאַנען אַ פּוי־ערשע הײַזל. אין הײַזל האָט געלויכטן אַ פײַערל. יצחק איז אַרײַן און האָט זיך געוועצט. די בעלי־בתּים האָבן אַ קוק געטאָן אויף יצחקן און האָבן גלײַך פאַרשטאַנען, אַז ער איז ניט באַם זינען. נאָר אַ מנהג איז דאָן געוועזן אין די בערג, אַז יעדער גאַסט, ווער ער זאָל ניט זײַן, איז אַ גאַסט פון גאָט, און די בעל־הביתטע האָט אים אָפּגע־לאָזן איר אָרט לעבן פײַער, דערלאַנגט אים ברויט מיט געקעכץ און איז אַליין אַוועק אין אַ ווינקעלע, וואו ס׳איז געלעגן אירס אַ קראַנקע קינד.

דאָס קינד האָט געהאַט היץ און האָט שווער גע־אָטעמט. באַלד האָט דאָס קינד זיך פונאַנדערגעוויינט. די מוטער האָט עס געקושט, געוואָלט פאַרוויגן, געזונגען ליד־לאַך — קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. דאָס קינד האָט געוויינט אַלץ העכער און העכער. יצחק איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און האָט זי געפרעגט, צי איר קינד איז קראַנק.

— זעער קראַנק! — האָט זי געענטפערט און האָט זיך צעוויינט. יצחק האָט דערזעהן אַ קראַנקן און ס׳איז אים געוואָרן עפּעס לײַכטער. ער איז געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט באַקוקט דאָס קינד און האָט דערקענט זײַן קראַנקהייט.

— מ'דאַרף אים געבן טרינקען אַזאַ גראָז, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער.

די מוטער האָט געוואוסט פון די גראָזן — זיי וואַקסן אויף די דערבײַיאיקע פעלדער. זי האָט גלײַך אָנגעצונדן אַ קינעלע מיט סמאָלע און איז אַוועק קלײַבן די גראָזן.

די קעלט, די פינסטערניש און די טיפע אָפּגרונטן אין די בערג האָבן זי נישט אָפּגעשראָקן, אַבי צו ראַטעווען איר קינד.

אַז די מוטער האָט געבראַכט דאָס גראָז, האָט יצחק צוגעריכט די רפואה און געגעבן דעם קינד. עס איז אים בעסער געוואָרן און עס האָט אײַנגעשלאָפן. די מוטער האָט געוויינט פאַר פרייד.

אַ גאַנצע נאַכט איז יצחק געזעסן לעבן קראַנקן קינד און האָט אים געגעבן די רפואה. אים איז געוואָרן אַ ביסעלע גרינגער, אָבער אַ שוואַרצע כמאַרע האָט נאָך אַלץ עפּעס פאַרדעקט פאַר אים, און וואָס הינטער דער כמאַרע איז, האָט ער נישט געוואוסט. אינדערפרי האָט יצחק געוואָלט אַוועקגיין ווײַטער, נאָר די בעלי־בתים האָבן אים מיט טרערן אין די אויגן אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל פאַרבלײַבן בײַ זיי, ביז דאָס קינד וועט געזונט ווערן. יצחק האָט זיך נישט געאַמפּערט און איז פאַרבליבן. אים איז געווען אַלץ אײנס — צי גיין ווײַטער, צי פאַרבלײַבן דאָ. דערווײַלע האָט זיך דער גאַנצער דאָרף דערוואוסט, אַז ס'איז געקומען עפּעס אײנער אַ מאָדנער מענטש און האָט געראַטעוועט אַ קינד. אין דאָרף זײַנען געווען אַ סך קראַנקע, און אַלע זײַנען זיי באַלד געקומען צו יצחקן נאָך הילף. יצחק איז פאַרבליבן אין דאָרף און האָט גענומען היילן

די קראַנקע. די פויערים האָבן אים זעער ליב געקראָגן. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער באַוואוסט געוואָרן אין די אַרומיקע דערפער, און פון אומעטום האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אים קראַנקע. אַ סך מענטשן האָט ער אויסגעהיילט, אַ סך געהאָלפן. אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ מכשף. ווער ער איז און פונוואַנען ער איז, האָט קיינער ניט געוואוסט. יצחק האָט וועגן זיך קיינמאָל גאָרנישט דערציילט.

פיר יאָר האָט יצחק אַזוי אָפּגעלעבט רואיק און שטיל. געוואוינט האָט ער אין אַ פויערשע הייזל. די פויערים פלעגן אים געבן עסן און טרינקען, — באַשוכן און באַקליידן אים. שעהן לאַנג פלעגט ער אַרומגיין איבער די אַרומיקע פעלדער און וועלדער און קלייבן פאַרשיידענע גראָזן. ביסלאַכווייז איז זיך די קראַנקייט אויסגעשטאַנען, און ער איז ווידער געקומען צו זיין שכל. געדענקט האָט ער נאָר דאָס, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט אין דאָרף — אָן דער ווייב און אָן די קינדער און אָן זיין גאַנץ פריערדיקן לעבן האָט ער לחלוטין פאַרגעסן.

יצחק וואָלט נאָך אַזוי אָפּגעלעבט אין דאָרף אַ צייט מיט יאָרן, ווען ס'וואָלט זיך פּלוצלונג ניט געטראָפן אַזאַ מעשה. איינמאָל האָט ער אָנגעקליבן אַ סך גראָזן און האָט זיך געזעצט אויף אַ הויכן פעלז, וואָס איז געהאַנגען איבערן וועג, פונאַנדערקלייבן זיי. מיט אַמאָל דערהערט ער אַ שאַלן פון אַ מלחמה־טרומייט. ער האָט אַ קוק געטאָן און דערזעהן פון וווייטן — אַ גרויסע מחנה באַוואָפנטע מענטשן גייט איבערן וועג. אויף עטלאַכע קילאָמעטער ווייט האָט זיך געצויגן און געשלענגלט דאָס חייל.

פּאָרווים, אויף שיינע פערד אין גאָלדענע פּאַנצערם,

רייטן די אָנפירער. יצחק קוקט און וואונדערט זיך: פונ־
וואַנען האָבן זיך גענומען די מענטשן? די רייטער האָבן
אים אויך באַמערקט און אים אַרופגעטאָן צו זיך. יצחק
האָט זיך ניט גערירט, פון אָרט, ער קוקט אויף זיי, קוקט
און הייבט זיך אָן צו דערמאָנען, אַז ערגעץ־וואו אַמאָל
האָט ער שוין געזעהן אַזוינע אויסגעפּוצטע מענטשן — וואו
אָבער, קען ער זיך ניט דערמאָנען. עטלאַבע סאָלדאַטן האָ־
נען אַרויפגעקלעטערט אויפן פעלז און האָבן אַראָפּגעשלעפּט
יצחקן אונטן. באַלד איז צו אים צוגעריטן דער אַנפירער
און האָט אים געפרעגט אויף פראַנצויזיש, וואו געפינט
זיך דאָ דער נאָהענטסטער דאָרף. יצחק האָט אים גאָר־
ניט געענטפערט. ער האָט בּרייט געעפנט די אויגן, גע־
קוקט אויפן רייטער און ס'איז קענטיק געווען, אַז ער וויל
זיך אָן עפּעס דערמאָנען. נאָר באַלד איז יצחק צו זיך
געקומען און האָט געפרעגט באַם רייטער אויך אויף
פראַנצויזיש:

— ווער זייט איר?

דעם רייטער איז געווען אַ חידוש צו הערן אַ ריינע
פראַנצויזישע שפּראַך פון עפּעס אַן אָפּגעריסענעם בעטלער,
פונדעסטוועגן האָט ער אים געענטפערט, אַז זיי זיינען אונ־
טערטאַנער פון דעם פראַנצויזישן קיניג קאַרל XIII, וועלכער
האָט ערקלערט מלחמה דעם קיניג פון נעאַפּאָל און דעם
פּויפּסט. און ער, דער רייטער, איז דאָס דער אָנפירער
פון אַן אָפּטיילונג, וואָס גייט פאָרויס. יצחק האָט דערהערט
די ווערטער — און די שוואַרצע כמאַרע, וואָס איז געהאַנ־
גען איבער זיין נשמה, האָט זיך אָפּגעטאָן. ער האָט זיך
מיט אַמאָל דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס האָט מיט אים פּאַ־
סירט, אָן זיין היים, אָן זיינע קינדער, אָן זיין לאהן, ער

האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ און איז געפאַלן אויף דער ערד. די פראַנצויזן האָבן פאַרוואונדערט געקוקט אויף אים. זיי האָבן אים גענומען חושד זיין, אַז ער איז גאָר אַ שפּיאָן. די סאָלדאַטן האָבן אים אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן און אים געבראַכט אין דאָרף אַריין.

דער אָנפירער האָט גלייך פאַררופן צו זיך די עלטסטע פון דאָרף און האָט געפרעגט בײַ זיי, וואָס פאַר אַ מענטש יצחק דזשעמס איז.

— פונוואַנען ער איז, ווייסן מיר ניט, מיר ווייסן נאָר, אַז ער איז אַ גוטער רופא. ער וואוינט שוין בײַ אונז פיר יאָר. און מיר האָבן פון אים אַחוץ גוטס קיין זאַך ניט געזעהן.

מ'האָט אַריינגערופן יצחקן. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. דאָס פּנים איז אים געווען בלאַס, ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעביטן, פון די אויגן איז פאַרשוואונדן דער אויסדרוק פון משוגעת.

— איך האָב געהערט, אַז דו ביסט אַ גוטער רופא, — האָט געזאָגט צו אים דער רייטער — מיר דאַרפן האָבן גוטע דאָקטוירים. ווילסט אונז דינען און גיין מיט אונז קיין רוים?

... גיין קיין רוים? גיין אַהינצו, וואו עס זיינען געשעהן די שרעקליכסטע זאַכן אין זיין לעבן, וואו עס וויינט און עס קלאָגט נאָך עד היום, קען זיין, זיין לאה? —

ניין! בעסער ניט גיין אַהינצו! פאַרבלייבן דאָ און וואַרטן אויפן טויט אין דעם פאַרוואָרפענעם דערפל!

— קינדער מיינע! קינדער מיינע! האָט יצחק געקרעכצט. און ער האָט זיך דערמאָנט די שרעקליכע מינוט, ווען זיין מעסער האָט זיך אָנגערירט אָן זיין זונס האַנט...

ער האָט ווידער דערזעהן פאַר זיך ווי' לעבעדיק דאָס איבער־געשראָקענע קינד.

— קינדער מיינע! קינדער מיינע!

און ער האָט געוויינט, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ, געקרעכצעט מיט אַ שרעקליכן פאַרשטיקטן קול — דאָס האָט שוין געוויינט און געקרעכצעט ניט קיין משוגענער.

די פראַנצויזן האָבן געקוקט אויף אים און געשוויגן. זיי האָבן אויך ניט געקאָנט צווען דעם צער זיינעם. לסוף איז יצחק געקומען צו זיך און האָט זיך אָפּגערופן צו די פראַנצויזן:

— איך בין מרוצה צו פאָרן מיט אייך קיין רוים און העלפן אייערע קראַנקע און פאַרוואונדעטע, אַזוי ווי איך האָב געהאָלפן אַנדערע. — אַזוי פיל צרות האָט ער שוין אַריבערגעטראָגן און ס'האָט זיך אים געוואָלט אויסטרינקען דעם בעכער פון די ליידן ביזן דעק. באַ אים איז געבליבן, אַז ער מוז פאָרן קיין רוים, זעהן זיין הויז און די פרוי, אויב זי לעבט נאָך.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך יצחק געזעגנט מיט די פויערים פון דאָרף און איז אַוועק מיטן חיל קיין רוים. מיט טרערן אין די אויגן האָבן אים די פויערים באַגלייט.

דאָס פראַנצויזישע חיל איז צוגעגאַנגען צו די טויערן פון רוים. אין יענער צייט איז אין רוים געזעסן דער פויפסט אַלעקסאַנדער IV. דער פריערדיקער פויפסט איז געשטאָרבן פאַר צוויי יאָרן — נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער נאָך גע־לעבט כמעט דריי יאָר.

די פראַנצויזן זיינען אַריין אין שטאָט. יצחק איז אויך געווען צווישן זיי. ער איז אַוועק צום ריטער און האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט דאָ אַ שטוב, מיט אַ פרוי און האָט

געבעטן, מ'זאָל אים אָפּלאָזן. דער ריטער האָט אים באַדאַנקט פאַר דער הילף, וואָס די פּראַנצויזן האָבן גע-האַט פון אים, און האָט אים אָפּגעלאָזן. — יצחק איז אַוועק אין יידישן קוואַרטאַל, וואו ס'איז געשטאַנען זיין הויז. ער איז געגאַנגען און האָט געטראַכט: „צי לעבט נאָך מיין לאָה, צי איז זי געזונט?" און ער האָט ווידער דערזעהן פאַר די אויגן, ווי ער צאַפּט דאָס בלוט פון זיינע קינדער און ס'האָט אים פאַר ווייטאָק פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

— קינדער מיינע, קינדער מיינע! האָט ער געזיפצט, שטאַרק האָט געקלאַפּט יצחקס האַרץ, אז ער איז צוגעגאַנגען צו זיין הויז. לאַנג האָט ער שוין ניט געזעהן די באַקאַנטע ערטער. אַ סך וואסערן זיינען פאַר דער צייט פאַרלאָפן. ווער געדענקט נאָך יצחקן? צי וועט אים ווער דערקענען? די פינף יאָר צרות האָבן אים עלטער געמאַכט אויף גאַנצע פופציק. די האָר זיינע זיינען גרוי געוואָרן, דאָס פנים צעקניימשט, דער רוקן איינגעבויגן. צרות מאַכן דעם מענטשן ניט שענער...

יצחק איז צוגעגאַנגען צו זיין הויז און האָט דערזעהן אויף די טרעפּ אַ פרוי אָנגעטאָן אין ווייסן. און לעבן דער פרוי אַ גרייז-גרויען מאַן. יצחק האָט באַלד דערקענט זיין פרוי, ער האָט אויך באַלד דערקענט דעם אַלטן אהרנען.

— אַ גוט מאָרגן דיר, לאה! האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

לאה האָט ניט דערקענט דעם מאַנס קול און האָט זיך אָפּגערופן:

— אַ גוט יאָר דיר, ווער דו זאָלסט ניט זיין!

אהרן האָט אַ קוק געטאָן אויף יצחקן און האָט אים

באלד דערקענט — דאָקטאָר, יצחק! — האָט ער אויסגע־שריִען—דאָס ביסטו?

לאה האט דערהערט די ווערטער און האָט אָנ־געהויבן צו ציטערן פאַר שרעק. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן און האָט אויסגעשטרעקט צו יצחקן די הענט. יצחק איז צוגעלאָפן צו איר, אָבער ווי ער האָט נאָר נעהענטער דערזעהן איר פּנים, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן:

— לאה, טייערע מיינע! האָט ער אויסגעשריִען — דו ביסט בּלינד? אָ גאָט, ווען וועט שוין קומען אַ סוף צו מיינע צרות?

לאה האָט אַ וואָרט ניט געקענט אויסריידן. זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און איז געפאַלן אין חלשות. יצחק איז געשטאַנען איבער איר און האָט בּיטער געוויינט. בּײַ אַהרנען האָבּן זיך אויך געוויזן טרערן אין די אויגן. דער־ווייל האָבּן זיך די אַרומיקע שכנים דערוואוסט, אַז דער דאָקטאָר יצחק איז געקומען. זיי זיינען זיך צונויפגעלאָפן, האָבּן אַריינגעטראָגן לאהן אין שטוב און זי אָפּגעמינטערט

— געלויבּט איז גאָט און געלויבּט זיינען זיינע מעשים, ער האָט מיר צוריק געקערט מיין מאַן! האָט זי געזאָגט, אַז זי איז געקומען צו זיך.

יצחק איז געזעסן לעבּן איר. ער האָט געפילט, אַז זיין האַרץ צורייסט זיך אויף שטיקלאַך פון צער. שווער איז אים געווען צו קוקן אויף לאהן — אירע אויגן זיינען פאַר־צויגן מיט הייטלאַך, ער זעהט נאָך איר פּנים, אַז אירע ליידן זיינען גרויס.

די שטוב איז דערווייל פול געוואָרן מיט מענטשן. יצחק האָט זיי דערציילט פון אַלץ, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט פאַר דער גאַנצער צייט.

— דאָס האָט דיך גאָט געשטראָפט! האָבן אַלע געזאָגט צו אים. דו האָסט ניט געדאַרפט היילן דעם שונא־ישראל — דעם פּויפּסט.

— ניין! איר זייט ניט גערעכט! האָט זיי יצחק געענט־פערט. איך בין אַ דאָקטאָר און מוז גרינגער מאַכן דיליידן פון אַלע מענטשן. איך מוז העלפן אַלע קראַנקע, ווער זיי זאָלן ניט זיין!...

— דו האָסט זיך געדאַרפט אָפּזאָגן, ווייל דאָס מיטל, וואס דו האסט געפונען, איז סיי ווי סיי אַ נאַרישקייט.

— ניין, מיין מיטל איז ניט קיין נאַרישקייט, עס איז אַ ריכטיקע זאַך. ניט דערפאַר, ווייל דאָס מיטל טויג ניט, זיינען מיינע קינדער אַוועק פאַר דער צייט פון דער וועלט. איך האָב דאָס ניט אויסגעטראַכט גלאַט אַזוי, איך בין דאָס דערגאַנגען דורך אַ סך פּראָבעס. און ניט ווייל איך האָב רחמנות געהאַט אויפן שונא־ישראל, בין איך געשטראָפט געוואָרן. ניין! אַליין בין איך שולדיג אין זייער טויט. מיינע אומגעניטע הענט, מיין שוואַכער ווילן און מיין קליינער פארשטאַנד — אָט ווער ס׳איז שולדיק!

— ס׳איז אָבער פאָרט אַ אוממיגלאַכע זאַך איבער־צוגיסן בלוט פון איין מענטשן אין דעם אַנדערן. דאָס, האָט זיך אָבער יצחק פעסטגעהאַלטן באַ דאָס זייניקע. וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן אַן אומגליקלאַכער צופאַל, איז נאָך ניט קיין ראיה. צי דען וועלן מיר האַלטן פאַר אַ חכם דעם מענטשן, וואָס וועט זיך אָפּהאַקן אַ האַנט מיט אַ האַק און וועט דערנאָך זאָגן, אַז די האַק איז ניט קיין נוצלאַכע זאַך?...

לאַנג האָט זיך יצחק געאַמפּערט מיט די קרובים און מיט די שכנים. לאָה איז די גאַנצע צייט געזעסן און האָט גע־וויינט שטילערהייט. יצחק האָט זיי ניט געקאָנט איבעררייידן,

ער איז אָבער געבליבן בּאַ דאָס זייניקע.

פאַרן אוועקגיין אהיים האָבן זיי אַזוי געזאָגט צו אים:

— שווערע יסורים האָסטו, יצחק, אַריבערגעטראָגן, איצט וועסטו שוין מער קיין בלוט ניט איבערגיסן, דו וועסט שוין מער ניט אויספּרובן קיין המצאות אויף דיינע נאָהענטע.

---

אַ קורצע צייט איז אַריבער און פאַר יצחקן האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן בעסערע טעג. ער איז ווידער בּאַ זיך אין דער היים מיט זיין פרוי. ווי אין די אַמאָליקע יאָרן זיצט ער ווידער אין זיין קאַבּינעט און לייענט וויסנשאַפטליכע ביכער אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, היילט קראַנקע, וואָס האָבן ווידער אָנגעהויבן צו קומען צו אים. זיין געזונט האָט זיך ביסלאַכווייז אינגאַנצן פאַרבעסערט. איין זאַך נאָר פלעגט פאַראומערן זיין לעבן—וואָס די קינדער זיינען נישטאָ.

יצחק איז ווידער געוואָרן באַוואוסט. די גאַנצע שטאָט האָט ווידער מיט אים געקלונגען, ווייל ער האָט וואָס ווייטער אַלץ מער קראַנקע געראַטעוועט פון טויט.

יצחק אַליין איז דערווייל אַרומגעגאַנגען מיט אַ נייעם געדאַנק: ווי נעמט מען אַראָפּ די הייטלאַך פון לאהס אויגן און מע מאַכט זי ווידער זעהענדיג? קיינעם האָט ער וועגן דעם ניט דערציילט. אויף גאַנצע טעג פלעגט ער זיך פאַרשפאַרן אין קאַבּינעט און אַלץ לייענען ביכער, וואו עס באַשרייבן זיך די אויגן-קראַנקייטן. צייטנווייז פלעגט ער אויסשניידן די אויגן בּאַ טויטע הינט און הינטלאַך, כּדי צו דערגיין, ווי זיי זיינען געבויט.

איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַ קאַץ, וואָס האָט געהאַט בעלמעס אויף די אויגן. יצחק האָט זיך זעער דערפרייט

מיט דער מציאה און געפּרובט אַראָפּנעמען בײַ איר מיט אַ מעסער די בעלמעס פון די אויגן.

ער האָט זי פעסט צוגעבונדן צום טיש, גענומען זײַן מעסער און אַראָפּגענומען פריער אײן בעלמע, דערנאָך די אַנדערע. די אָפּעראַציע האָט זיך פולקום אײַנגעגעבן, און די קאַץ איז זעהענדיק געוואָרן. אין אַ קורצע צײַט אַרום האָט ער בײַ נאָך אַ קאַץ אויך אַראָפּגענומען אַ בעלמע. נאָכדעם האָט ער אַ סך מאָל איבערגעחזרט די אָפּעראַציע און זעלטן ווען זי האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן. נאָך יעדן מאָל פלעגט ער אַלץ טראַכטן:

—„דאַכט זיך, אַז איצט קען מען שוין מאַכן לאהן די אָפּעראַציע. מײַן האַנט איז שוין גענוג פלינק און גרינג.“ נאָר ער האָט אַלץ ניט געקאָנט פועלן בײַ זיך און זיך אַלץ געשלאָגן מיט דער דעה. „ניין! איך וועל בעסער נאָך אָפּוואַרטן און וועל נאָך אַ מאָל מאַכן אַ פּראָבע!“. אַנדערהאַלבן יאָר האָט ער געוואַרט און האָט אַלץ געמאַכט אַ פּרוב נאָך אַ פּרוב. דער אומגליק מיט זײַנע קינדער האָט אים אויסגעלערנט צו זײַן פאָרזיכטיק. סוף־כל־סוף האָט ער אָבער באַשלאָסן צו מאַכן די אָפּעראַציע, איז אַרײַן צו לאהן אין צימער און האָט איר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה:

—„פרײ זיך, לאה, איך קען דיך זעהענדיק מאַכן!“

דערהערט די ווערטער, האָט זיך לאה זעער דערשראָקן. "צי איז ער חלילה ווידער פון זינען ניט אַראָפּ?" און איר אײַנגעפאַלן. נאָר יצחק האָט ווידער געזאָגט צו איר

— "יע, לאה, דו וועסט ווידער דערזעהן די זון, דעם הימל, די גרינע וועלדער!!!"—לאה האָט פאַרשטאַנען, אַז יצחק מײנט דאָס אױך אַן אמת. זי איז בלאַס געוואָרן און האָט מיט טרערן אין די אויגן געפרעגט, צי ער איז זיכער, אַז

די אָפּעראַציע וועט זיך אים איינגעבן, צי האָבן אים די איבערגעקומענע צרות ניט אויסגעלערנט צו זיין פּראַקטיק.

— „טייערע מיינע, — האָט איר יצחק געענטפערט — ווי ווייסן, אַז אונזער אומגליק האָט מיר אַ סך אויסגעלערנט. דער אמת בלייבט אָבער אַלעמאָל אַן אמת. איך ווייס, וואָס איך רייד, איך טראַכט שוין לאַנג ווי צו מאַכן דיך זעהנ־דיקן" — לאה האָט זעער ליב געהאַט איר מאַן און האָט זיך פאַרלאָזן אויף אים.

— טו מיט מיר וואָס דו ווילסט. איך בין גרייט אַלץ איבערצוטראָגן, אַבי נאָר דיך, מיין פריינד, צו זעהן.

— מאָרגן וועלן מיר זיך זעהן! — האָט ער געזאָגט צו איר. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער זי אַוועקגעלייגט אויף אַ סאָפע און האָט צו איר אַזוי געזאָגט: — „לאה, מיט די לעצטע כוחות לייד צו עטלאַכע מינוטן!" ער האָט גענומען זיין שאַרפן מעסער און האָט זיך צוגערירט צו איר אויג.

זיין האַנט האָט ניט געציטערט. גיך און פלינק האָט ער אַראָפּגענומען די בעלמע פון איר לינקן אויג. לאה האָט אפילו קיין געשריי ניט געטאָן, זי האָט מיט אַמאָל דערזעהן דעם מאַן.

— טייערער מיינער! האָט זי אויסגעשריען — מיין פאַרלאַנג איז מקוים געוואָרן — איך האָב דיך ווידער דערזעהן!

זי האָט געוואָלט אויפשטיין, נאָר יצחק האָט זי אָפּ־געהאַלטן.

— לאה, איך האָב אָפּגעטאָן נאָר אַ האַלבע אַרבעט!

און ער האָט ווידער גענומען דעם מעסער און האָט אַראָפּגענומען די בעלמע פון דעם רעכטן אויג.

לאה האָט אָנגעהויבן צו זעהן אויףביידע אויגן.

— נאָך עטלאַכע טעג מוזטו צולייגן, — לאה, האָט יצחק

געזאָגט צו איר — איצטער מוזטו עטלאַכע טעג ליגן מיט פאַרבונדענע אויגן, ביז די וואונדן וועלן זיך אינגאַנצן פאַר־היילן. — לאה האָט געטאָן אַלץ, וואָס יצחק האָט איר געהייסן. אין עטלאַכע טעג אַרום האָט יצחק אַראָפּגענומען פון אירע אויגן דעם באַנדאַזש.

— איצטער — האָט ער געזאָגט צו איר — קענסטו ווידער אָנקוקן גאָטס וועלט! לאה האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַן און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט פון פרייד. זי איז אים גע־פאַלן צו די פיס און האָט אים אָנגעהויבן צו קושן די הענט...

---

באַלד האָט מען זיך אין גאַנץ שטאָט דערוואוסט, אַז יצחק האָט זעהענדיק געמאַכט זיין פרוי. אַלע האָבן זיך זעער געוואונדערט, וואָס ער, דער געשטראָפטער, האָט דאָס מאָל אויך ניט מורא געהאַט אויסצופּרובן זיין אָפּע־ראַציע אויף דער אייגענער פרוי. איצטער האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז יצחק איז אַ גרויסער מענטש. זיין שם איז געוואַקסן און געוואַקסן.

איינמאָל איז צו אים אַריינגעקומען אַ פרוי, זעער רייך אָנגעטאָן. זי איז אים געפאַלן צו די פיס און האָט אים גענומען בעטן רחמים, ער זאָל ראַטעווען איר זון. יצחק האָט זי אויפגעהויבן און האָט זי פונאַנדערגעפרעגט, וואָס מיט איר זון איז.

און זי האָט אים דערציילט, אַז גזלנים זיינען באַפאַלן איר זון, האָבן אים פאַרוואונדעט און ער האָט פאַרלאָרן זעער אַ סך בלוט. ער ליגט אויפן טויטן־בעט און אַלע דאָקטוירים האָבן אים אָפּגעזאָגט דעם לעבן.

— ראַטעווע מיין זון — האָט זי זיך געבעטן — גיס איבער אין אים מיין בלוט. בעסער וועל איך שטאַרבן איידער ער!

יצחק האָט איר געזאָגט, אַז איבערגיסן בלוט קאָן ער אַפילו יאָ, דאָס איז אָבער זעער אַ געפערלאַכע זאַך. די פרוי האָט געקלאָגט און איז ניט אָפּגעטראָטן. — „דעם פויפסט — האָט זי געטענהט — האָבן אויך אַלע דאָקטוירים אָפּגעזאָגט דעם לעבן — און דו האָסט אים דאָך געראַטעוועט, דריי יאָר נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער געלעבט. נאָר דו קאָנסט ראַטעווען מיין קינד!.. ראַטעווע אים און קיין זאַך וועט מיר ניט זיין צו טייער דיך צו באַפרידיקן!"

יצחק האָט רחמנות געקראָגן אויף דער אומגליקליכער פרוי, ער האָט אָבער באַ זיך ניט געקאָנט פועלן אָנצונעמען זיך מאַכן די אָפּעראַציע. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם טויט פון זיינע קינדער. ער האָט דערזעהן דאָס בילד, ווי זיי צאַפּלען זיך פאַרן טויט...

דער צער פון דער פרוי איז אָבער געוועזן זעער גרויס און ער האָט זיך אָנגענומען.

איך דאַרף ניט דיין געלט! — האָט ער געזאָגט צו איר — איך וועל איבערגיסן דיין בלוט צום זון נאָר מיט איין תּנאַי! מ'זאָל דערנאָך צו מיר קיין טענות ניט האָבן, טאָ מער וועט עמיץ פון אייך שטאַרבן.

— אָן דיין הילף וועט מיין זון סיי ווי סיי שטאַרבן, — האָט די פרוי פריילאַך געזאָגט, — מיין לעבן איז מיר ניט טייער.

יצחק האָט גענומען די נויטיקע אינסטרומענטן און איז אַוועק צו איר אַהיים. זי האָט אים אַריינגעפירט צום קראַנקן. ער האָט דערזעהן אַ שיינעם בחור, וואָס איז גע-לעגן בלאַס ווי אַ טוך, כמעט ווי טויט.

יצחק האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט אָנגעהייבן איבערצוגיסן דער מטערס בלוט צום זון.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט זיין האַנט קיין ציטער נים געטאָן. די אָפעראַציע האָט זיך פולקום איינגעגעבן. די מוטער מיטן זון זיינען ביידע געבליבן לעבן.

אַ גאַנצע נאַכט איז יצחק געשטאַנען איבערן בחור און אַכטונג געגעבן אויף אים. אַז די ערשטע שטראַלן פון דער זון האָבן אַריינגעשיינט אין צימער, האָט זיך יצחק אָנגעטאָן און זיך געזעגנט מיט זיי.

— איצטער בין איך רואיק — האָט ער געזאָגט. איך בין זיכער, אַז איר וועט ביידע זיין געזונט און שטאַרק.

די גליקליכע מוטער האָט אים נים געוואוסט ווי אָפּצודאַנקען.

און גייענדיק אַהיים צוריק איז יצחק׳ן געווען אַזוי גוט אויפן האַרצן!

דער אמת איז געבליבן אַן אמת. די צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, האָבן אים פאָרט נים געקענט דערווייזן, אַז ער איז אומגערעכט.

געקומען אַהיים האָט ער געזאָגט צו לאהן:

— „פריי זיך, לאה! איך האָב מיט הצלחה איבערגעזאָגן בלוט. דו זעהסט, אַז דער אמת בלייבט אַלעמאָל אַן אמת ער האַלט אויס די גרעסטע נסיונות און קיין זאַך אין דער וועלט וועט אים נים אָפּלייקענען.“



# ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין.

ווילנע, קליין סטעפן גאס 23.

## פארן שולן און קינדער

ר. האכבערג — „די נייע שול“ אילוסטרירט געב.

ל. ח. יפה — „דער שול חבר“ פארן צווייטן און דריטן יאר

ק. זשיטומירסקי און ד. האכבערג — מעטאדישע אנווייזונגען צו דער נייער שול.

ל. בראווארניק און מ. לעוויטאן — אריפמעטישע אויפגאבן פארן ערשטן לערן יאר ב. I פאר קינדער געב. באנד II פאר לעהרער.

## קינדער ליטעראטור

1) דער קאטער אין שטיוול.
2) דער פוילער פוקס און די קלוגע הון.
3) פערעלע וואסער טראפן.
4) די קוקאווקע.
5) דער פראש־קיניג.
6) דער וואלף און זיבן ציגעלאך.
7) דער שטערן קינד — נאך א. אואיילד.
8) די פאלענדע שטערן.